


שלום עליכם.



# מתושלח

## א יודיש פערדעל.

№ 39.

פרייז 5 קאפ.

פערלאג: „פאמיליען-ביבליאטעק".

ווארשע. תרע"א.

**Мсушелахъ.** Разсказъ Шолемъ-Алейхема.
ВАРШАВА 1911.
Тип. Ф. Баумритера, Красинская пл. № 6.

שלום עליכם

# מתושלח

(א יודיש פערד'ל)

מְתוּשֶׁלַח — אַזוֹי הָאט מֶען אִיהם אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער־פַאר, וָואס עֶר אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעשְׁטָאפְּט מִיט יָאהְרֶען, נִישְׁט גֶעהַאט שׁוֹין אַיין צָאהן אִין מוֹיל אַ חוּץ צְוַויי דְרַיי פֶּענְקִים, וָואס מִיט זַיי בְּלֶעקְט עֶר קוֹים מִיט צָרוֹת קַייעֶן — אַבִּי ס'אִיז נוּר גֶעוֶוען וָואס. אַ הוֹיכֶער, אַ מָאגֶערֶער מִיט אַיין אָנְגֶעבַּארֶעמֶער פָּעל, מִיט אַ צֶעהַרְגֶ'עטֶען דְזִקֶען, קַאלִי אוֹיגֶען, אוֹיף אַיינֶעם אַ בּוּלְמֶע, דָאס אַנְדֶערֶע רוֹיטְלִיךְ, אוֹיסְגֶעקְוֶועבֶעלְטֶע פִּיס, שְׁפִּיצִיגֶע קְלִיבֶּעס, אַיינְגֶעפַאלֶענֶע זַייטֶען, דִי אוּנְטֶערְשְׁטֶע לִיפּ אַבִּיסִיל אַרָאבְּגֶעלָאזְט, וִוי פֶּערְוַויינְט. דֶער וַויידִיל אַיין אוֹיסְגֶעפְלִיקְטֶער — אָט הָאט אִיהר זַיין פָּאטְרָעט; אוּנ גֶעדִיעֶנְט הָאט עֶר אוֹיף דִי עֶלְטֶערֶע יָאהְרֶען אִין כַּתְרִילִיוְוקֶע בַּיי כַּתְרִיאֵל דֶעם וַואסֶערְפִיהְרֶער בַּיים פֶעסִיל פַאר אַ פֶערְדִיל.

בְּטֶבַע אִיז מְתוּשֶׁלַח גֶעוֶוען אַ רוּהִיגֶער, אַ הָארֶעפַּאשְׁנֶער נָאר אַיין אוֹיסְגֶעהָארֶעוֶועטֶער נֶעבַּאךְ. אָנְגֶעטִיאֶפֶּקֶעט זִיךְ דֶעם גַאנְצֶען טָאג אִין דֶער כַּתְרִילִיוְוקֶער לַיימִיגֶער בְּלָאטֶע אוּנ פֶערְזָארְגְט דִי שְׁטָאדְט אוֹיף אַ גַאנְץ מֵעת־לֵעת מִיט וַואסֶער, אִיז עֶר גֶעוֶוען צוּפְרִיעדֶען אַז מֶע הָאט אִיהם אוֹיסְגֶעשְׁפַּאנְט פוּנ'ם פֶעסִיל, אוּנְטֶערְגֶעוָוארְפֶען אַבִּיסֶעל שְׁטְרוֹי אוּנ פֶערְבִּיסֶען מִיט אַ פָּאמֶעגְנִיצֶע וָואס כַּתְרִילִיכֶע הָאט אִיהם אוּנְטֶערְגֶעטְרָאגֶען מִיט אַזַא פָּנִים, וִוי מֶע טְרָאגְט אַ שְׁטֵיינֶער אוּנְטֶער זֵעדֶער אַיין אָנְגֶעלֵייגְטֶען גַאסְט אַ פַאלוּמֶעסִיק מִיט פִיש, אָדֶער אַ שִׁיסֶעל מִיט וַוארֶענִיקֶעס. אוֹיף דֶער דָאזִיגֶער פָאמֶעגְנִיצֶע פְלֶעגְט מְתוּשֶׁלַח אַרוֹיסְקוּקֶען וִוי אוֹיף עֶפִּיס רֶעכְטְס, מַחֲמַת דָארְטֶען הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַלֶע מָאל אַיין אוֹיסְגֶעוַוייקְט שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט, קַאשֶׁע אַבִּיסֶעל, וּכְדוֹמֶה אַזֶעלְכֶע וַוייכֶע זַאכֶען, וָואס מֶע פֶערְשְׁפָּארְט צוּ זַיי צֵייהְן. דֶעם גַאנְצֶען טָאג הָאט כַּתְרִילִיכֶע גֶעזַאמֶעלְט פוּן מְתוּשֶׁלַח'ס וֶועגֶען, גֶעוָוארְפֶען אִין

פּאַמעליצע אַריין וואָס ס'איז איהר געקומען אין די הענט אַריין,—לאָז דאָס פערדיל נעבאַך האָבען וואָס צו עסען, — און מתושלח, אַז ער האָט איבערגעביסען, האָט ער זיך אויסגעדרעהט מיט'ן פּנים צום פעסיל און מיט'ן הינטען מחילה צו כתריליכען ווי איינער רעדט: „אַ דאַנק אייך פאַר אייער זאַלץ און ברויט"... בשעת מעשה אַראָבגעלאָזט די אונטערשטע ליפּ נאָך נידעריגער, דאָס זעהענדיגע איינ'ל צוגעמאַכט און אַריינגעלאָזט זיך אין טיפע פערדישע געדאַנקען.

ב.

מיינט נישט פון דעסטוועגען, אַז אַלע מאָל זינט מתושלח איז אַ פערד איז ער געווען אַזוי ווי ער ווערט דאָ אויסגעמאָלט. אַמאָל אין די יונגע יאָהרען, בשעת ער איז נאָך געווען אַ לאָשעקיל און נאָכגעלאָפען דער מאַטען נאָכ'ן וואָגען, האָט ער זיך געשניטען גאָר אויף אַ גוט פערדיל. מבינים האָבען אויף איהם געזאָגט נביאות, אַז עס וועט פון איהם אויסוואַקסען אַ פערדיל גאָר אויף תרשישים. „אָט וועט איהר זעהען — האָבען זיי געזאָגט — ער וועט נאָך גיין אַמאָל געשפּאַנט אין אַ קאַרעטע מיט די שענסטע מיט די בעסטע פערד"...!

אַז דאָס לאָשעקיל איז אויסגעוואַקסען און געוואָרען אַ פערדיל, האָט פון דעם מחילה אַנגעטאָהן אַ זיטעל און אַרומגעפיהרט אויפ'ן יריד, אַוועקגעשטעלט צווישען אַ גרופּע פערד, דורכגעטריבען איהם אַמאָל פּינקטיג הין און צוריק, געקוקט איהם אַלע מינוט אין די ציינער אַריין, אויפגעהויבען די פיס און געטראַכט די קאָפּיטעס, — און איבערגעגעבען איהם פון איינעם צום אַנדערען.

פון דעמאָלט אָן הויבט זיך אָן פאַר איהם אַ לאַנגער גלות, אַ נעדונד זיין פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערען, אַ ביימעניש פון איין בעל־הבית צום אַנדערען, אַ שלעפּען פון גרויסע שווערע וואָגענס מיט דרייסיג פוד משא, אַ טאַפּקען ביזן בויך אין דער בלאָטע, און אַ סדרה פון בייטשען, שטעקענס מיט קלעפּ אָן זייט אַריין, אָן קאָפּ און אָן די פיס און אָן אַנדערע ערטער.

## ג.

אַ שְׁטִיק צַייט אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אִין דִישֶׁעל בַּיי אַ פָּאטְשְׁטָאוֶוע וָואגֶען אוּנְטֶערְ'ן גְלָאק, וָואס הָאט אִיהם נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ קְלִינְגֶען אִין דִי אוֹיעֶרֶען אַרַיין: גְלִין—גְלִין—גְלָאן! גְלִין—גְלִין—גְלָאן! אוּנ גֶעלָאפֶען מְשׁוּגָעְנֶער וַוייז הִין אוּנ צוּרִיק אַלְץ אוֹיף אַיין טְרַאקְט. נָאכְדֶעם אִיז עֶר אַרִיבֶּער צוּ אַ פְּרָאסְטֶען בַּעַל הַגוּף, וָואס הָאט גֶעאַרְבֶּעט מִיט אִיהם כָּל עֲבוֹדַת פֶּרֶךְ: גֶעאַקֶערְט אוּנ גֶעזַייעֶט, גֶעפִיהְרְט אַ מוֹרָא־דִיגֶען וָואגֶען מִיט תְּבוּאָה, אַ פַאס וַואסֶער, אַ וָואגֶען מִיט מִיסְט, פֶערְדִישׁ־קַייט אוּנ סוּהָענִיקַייט, וּכְדוֹמֶה אַזֶעלְכֶע גְרָאבֶּע אַרְבַּייט, אַז ווֹעלְכֶע עֶר אִיז כְּלַל נִישְׁט גֶעוואוֹהְנְט גֶעוָוארֶען. פוּן דָארְטֶען אִיז עֶר אַרַיינְגֶעפַאלֶען צוּ אַ צִיגַיינֶער אִין דִי הֶענְט אַרַיין, הָאט מִיט אִיהם דֶער צִיגַיינֶער גֶעמַאכְט אַזֶעלְכֶע זַאכֶען, מַאוּסֶ'ע סְגוּלוֹת צוּם לוֹיפֶען, וָואס עֶר וֶועט זַיי נִיט פֶערְגֶעסֶען וַוייל עֶר וָועט לֶעבֶּען!... פוּנְ'ם צִיגַיינֶער אִיז עֶר אַרִיבֶּער אִין אַ טַאבּוּן אַרַיין מִיט נָאךְ אַ סַךְ פֶערְד אוּנ פוּן דָארְטֶען אִיז עֶר אִין אַ קוּרְצֶער צַייט מְגוּלְגָל גֶעוָוארֶען קֵיין מַאזָעפֶּעוְוקֶע צוּ אַ בַּעַל־עֲגָלָה מִיט אַ שְׁוֶוערֶען וָואגֶען, גֶעקָאוֶועט אִין אַייזֶען, מִיט אַ סַךְ גְלֶעקְלִיךְ אוּנ מִיט אַ מְשׁוּנָּה מָאדְנֶע צֶעשְׁמִידֶערְטֶע סוּכָּה, וָואס מֶע רוּפְט דָאס „בּוּיד“. דָא, בַּיים בַּעַל־עֲגָלָה מִיט דֶער בּוּיד, הָאט עֶר גֶעהַאפְּט בַּייטְשֶׁען מִיט שְׁטֶעקֶענְס אָהְן אַ שִׁעוּר, גְלַייךְ וִוי אַ פֶערְדִישֶׁע פֶעל אִיז פוּן לֶעדֶער — נִישְׁט פוּן בְּלוּט אוּנ פְלֵיישׁ, גְלַייךְ וִוי פֶערְדִישֶׁע זַייטֶען זֶענֶען פוּן אַייזֶען — נִיט פוּן בֵּיינֶער. וֵועה, וֵועה וִויפִיעל מָאל פְלֶעגְט זִיךְ מַאכֶען, אַז קוּים־קוּים וָואס עֶר פְּלָאנְטֶערְט מִיט דִי פִיס, פִיהְלְט וִוי אָבְּצְוֵויינְגֶעס צִיהֶען אִיהם פַאר דִי לוּטְקֶעס, אוּנ אִין בּוּיךְ אַ שְׁוֶוערֶע מַשָׂא, עֶפִּיס וִוי אַ קְנוֹיל — אוּנ עֶר דֶער אַכְזָרִי'שֶׁער בַּעַל־עֲגָלָה „נָא“ אוּנ „וִויאָ“ אוּנ אַ שְׁמִיץ מִיט דֶער בַּייטְשׁ, אוּנ אַ זֶעץ מִיט דֶער פוּזְשֶׁעלִי, — טָאמֶער וֵויסְט אִיהר וָואס?

אַ שְׁטִיקֶעל גְלִיק הָאטְשׁ, וָואס בַּיי דֶעם בַּעַל־עֲגָלָה אִיז אַיינְגֶעפִיהְרְט אַיין טָאג אִין דֶער וָואךְ אַזֶעלְכֶער, וָואס מֶע שְׁטֵעהְט אֵיין אֶרְט, מֶע שְׁטֵעהְט אוּנ מֶע קַייעֶט אוּנ טְהוּן טְהוּט מֶען גָאר נִיט.

מתושלח פלעגט ניט איין מאל פערקלערען זיך; זיין פערדייטער מח האט נישט געקאנט משיג זיין, וואס איז דער שכל פונ'ם דאזיגען טאג, וואס מע ריהרט ניט פונ'ם ארט? אונ פאר וואס זאל ניט זיין אזוי כסדר? פלעגט ער זיך טראכטען, אויפשטעלען די אויערען, ציטאכען איין אייגיל אונ קוקען אויף זיינע צוויי חברים, וואו זענען געשטאנען מיט איהם צוגעבונדען צו איין בויד.

ד.

פונ'ם בעל־עגלה מיט'ן ביידיל איז ער אריינגעקומען אין א דרעש־מאשין, געארבייט עבודת פרך, זיך געדרעהט גאנצע טעג ארום א ראד, זיך אנגעגעסען גוט מיט פארעך אונ מיט פאלאווע, וואס איז איהם געקראכען אין נאז אריין, אין מויל אונ אין די אויגען אריין אונ פערדולט געווארען פונ'ם טראך טארעראך. „וואס וועט זיין פונ'ם דרעהען זיך? — פלעגט ער זיך ניט איין מאל טראכטען אונ וועלען אבשטעלען זיך אויף א מינוט — ווער האט דאס אויסגעקלערט דעם שכל פון דרעהען זיך אויף איין ארט?...” מע האט איהם אבער לאנג נישט געלאזט טראכטען; פון אונטען איז געשטאנען איינער מיט א ביימש אונ נישט אויפגעהערט צו האקען אויף איהם: הו—הי! הו—הי!... פרא־אדם איינער! — טראכט ער זיך אונ חאפט א קוק מן הצד אויף יענעם וואס מיט דער ביימש — איך וואלט א בעלן געוועזען זעהען, מע זאל דיך איינשפאנען אט א דא אין דער ראד אונ אונ־טערשמייסען דיך, דו זאלסט דיך דרעהען אהן א שום מאלך”!...

מע פערשמעהט זיך אז פון אזא מין דרעהען זיך אין שטענ־דיגען פארעך איז ער ארויס געבאך א קאליקע, אויף איין אויג א בלינע, דאס אנדערע אביסיל רויטליך, אונ אויף די פיס איז ער אויך געווארען אביסיל געחאפט. מיט אזא שארפען חסרון האט ער שוין געמוינט אויף זיבען אונ ניינציג כפרות, האט מען איהם ארויסגעפיהרט ווידער אמאל אויפ'ן יריד, מאמער וועט מען איהם קאנען עמיצען ממקחונ. מע האט איהם גאנץ פיין אויסגעקעמט, אויסגעפוצט, דעם

חײדיל בּלוּמרשׁט אוּנטערגעבוּנדען אוּנ די קאפּיטעס צוּגעפּארבּט מיט פּעטען; — עס האט אָבער נישט געהאָלפען, אַ װעלט נארט מען נישט. װיפיעל מע האט איהם נישט געטוּמשעט, ער זאָל זיך בּחור׳ען, האַלטען דעם קאפּ מיט גדלות, ער האט זיך געטהוּן זײנס: אַראָבּ־געלאָזט דעם קאפּ מיט גרױס ענוות, די פּיסליך אױסגעקנעקעלט, די אוּנטערשטע ליפּ אַראָבּגעלאָזט אַבּיסעלי אױף אַ זײט, אוּנ פוּן אײן אױג געלאָזט אַ טרעהר!.. נײן, עס האָבּען זיך שױן נישט געפוּנען אױף איהם קײן בּעלנים! אַ פּאר מענשען זענען צוּגעגאנגען צוּ איהם, שױן אַפּילוּ אין מויל אַרײן נישט געקוּקט, נאר אַזױ אַ מאך געטהוּן מיט דער האנט אױף איהם איבּער דער מאָרדע, אױסגעשפּיגען, אוּנ אַװעק געגאנגען. אײנער האט זיך יא אָבּגעריסען אַ בּעלן, נאר נישט אױף איהם, אױף זײן פעל. מע האט אָבער נישט געקאנט דוּרכקוּמען פאר׳ן מקח; יענער, דער פעל־הענדלער, האט בּעװיזען אַ חשבּון, אַז עס לױנט נישט: דאס אָבּפיהרען איהם, דאס אוּמװאַלגערען מיט׳ן אָבּשינדען װעט קאסטען מעהר װיפיעל די פעל איז װערט.

ס׳איז איהם אָבער בּעשערט געװען אַ פּנים אַ גוּט עלטער, איז אוּנטערגעשפּרוּנגען בּתריאל דער װאסערפיהרער אוּנ האט איהם גע־בּראכט צוּ פיהרען קײן מאזעפּעװקע.

ה.

בּיז אַהער איז בּתריאל דער װאסערפיהרער אַ ייד אַ בּרײט־בּײניגער מיט אַ צעפּלעצטער נאז אוּנ מיט אַ בּעװאַקסען פּנים פוּן אױבּען בּיז אַראָבּ, געװען אַלײן דער װאסערפיהרער אוּנ אַלײן דאס פערדיל, דאס הײסט ער האט זיך אַלײן אײנגעשפּאנט מחילה אין פעסיל אוּנ צעפיהרט איבּער דער שטאדט דאס װאסער. װי פיעל בּתריאל איז פערשװאַרצט געװאָרען דאס גאנצע לעבּען זײנס, האט ער קײנעם נישט מקנא געװען אױף דער װעלט; נאר אַז ער האט געזעהען עמיצען פאהרען מיט אַ פערד, פלעגט ער זיך אָבּשטעלען אוּנ לאנג — לאנג נאכקוּקען יענעם די טריט. זײן אײנציגער װוּנש

אוֹיף דֶער וֶועלְט אִיז גֶעוֶוען: גָאט זָאל אִיהם הֶעלְפֶען, עֶר זָאל קָאנֶען זִיךְ צוּשְׁלָאגֶען צוּ אַ פֶּערְדִיל, נָאר ווִיפִיעל עֶר הָאט נִישְׁט גֶעקְלִיבֶּען, הָאט עֶר נִישְׁט גֶעקָאנְט דֶערְשְׁלָאגֶען זִיךְ צוּ אַזַא קַאפִּיטַאל וָואס עֶר זָאל דֶערוֹיף קָאנֶען קוֹיפֶען אַ פֶּערְדִיל. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר נִישְׁט דוּרְכְגֶעלָאזְט קֵיין יָרִיד עֶר זָאל זִיךְ נִיט דוּרְכְגֵעהְן צְווִישֶׁען דִי פֶּערְדְ־לִיךְ, גְלַאט אַזוֹי אַ קוּק טְהוּן, ווִי זָאגְט מֶען: אַ מַאפּ אִין וָואגֶען. דֶער זֶעהֶען אַיין אוּמְגְלִיקְלִיךְ, פֶערְוָואגֶעלְט דֶערְשְׁלָאגֶען פֶּערְדִיל שְׁטֶעהֶען אִין מִיטֶען יָרִיד אָהן אַ צַיימִיל, נִישְׁט צוּגֶעבּוּנְדֶען אִין עֶרְגִיץ, הָאט זִיךְ כַּתְרִיאֵל אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט. דָאס הַארְץ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט, אַז דָאס פֶּערְדִיל בֶּעדַארְף זַיין אָנְגֶעמָאסְטֶען פַאר זַיין גֶעלְד.

כַּךְ הֲוָה. עֶר הָאט זִיךְ לַאנְג נִישְׁט בֶּעדַארְפְט דִינְגֶען; כַּתְרִיאֵל הָאט גֶענוּמֶען דָאס פֶּערְדִיל אוּנ אִיז מִיט אַ פְרֵיילִיךְ הַארְץ גֶעלָאפֶען אַהֵיים. גֶעקוּמֶען אַהֵיים הָאט עֶר אָנְגֶעקְלַאפְּט אִין דֶער טִיר פוּן דְרוֹיסֶען, אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען כַּתְרִילִיכֶע אַ דֶערְשְׁרָאקֶענֶע.

— וָואס אִיז דָאס? גָאט אִיז מִיט דִיר!

— גֶעקוֹיפְט, ווִי אִיךְ בִּין אַ יוּד, גֶעקוֹיפְט.

כַּתְרִיאֵל אוּנ כַּתְרִילִיכֶע הָאבֶּען נִישְׁט גֶעוואוּסְט, וואו מֶע זָאל אַהִינְטְהוּן דָאס פֶּערְדִיל. זֵיי זָאלֶען זִיךְ נִיט שֶׁעמֶען פַאר דִי שְׁכֵנִים, וָואלְטֶען זֵיי דָאס אַרַיינְגֶעפִיהְרְט אִין שְׁטוּב אַרַיין. גִיךְ אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען אַבִּיסִיל שְׁטְרוֹי אוּנ הֵיי, אוּנ כַּתְרִיאֵל מִיט כַּתְרִילִיכֶען הָאבֶּען זִיךְ אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט, זִיךְ גֶעשְׁפִּיגֶעלְט אִינ'ם פֶּערְדִיל, זִיךְ גָאר נִישְׁט גֶעקָאנְט אָנְקוּקֶען.

אוֹיךְ דִי שְׁכֵנִים זֶענֶען זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקוּמֶען אָנְקוּקֶען דִי כָּשֵׁר'ע מְצִיאָה וָואס כַּתְרִיאֵל הָאט גֶעבְּרַאכְט צוּ פִיהְרֶען פוּנ'ם יָרִיד; מֶע הָאט גֶעלַאכְט פוּנ'ם פֶּערְדִיל, גֶעמַאכְט חוֹזֶק; עֶס זֶענֶען גֶעפְלוֹיגֶען וֶוערְטְלִיךְ אַלֶערְלֵיי, ווִי גֶעוֵויינְטְלִיךְ. דֶער הָאט גֶעזָאגְט אַ חָכְמָה, אַז דָאס פֶּערְדִיל אִיז גָאר נִישְׁט קֵיין פֶּערְדִיל, נָאר אַ „טוֹיל־אֵייזִיל"; אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער הָאט גֶעזָאגְט: וָואסֶער טוֹיל־... ס'אִיז גָאר אַ קַאץ! דֶער דְרִיטֶער

האָט גענאַגט: ס'איז אַ רוחנית, מע בעדאַרף דאָס היטען פון אַ ווינט וואָרום אַ רעכטער ווינט קען דאָס חלילה אָוועקטראָגען.

— וויפיעל קען דאָס אַלט זיין? האָט איינער אַ פרעג געטהון.

— מעהר וויפיעל כּתריאל מיט כּתריליכען אינאיינעם.

— מתושלח'ס יאָהרען.

— מתושלח!

און פון דעמאָלט אָן איז איהם פערבליבען דער נאָמען מתושלח עד היום הזה.

---

ז.

דערפאַר איז איהם אָבער געוועזען ביי כּתריאל דעם וואַסער־פיהרער אַזוי ווי נאָך קיין מאָל נישט, אַפילו נאָר אין די גוטע יאָהרען. ערשטענס איז די אַרבייט עפּיס נאָר אַ געלעכטער און געגוג. שלעפּען אַ פּעסיל וואַסער און ביי יעדער שטוב אָבשטעלען זיך — אויך מיר איין אַרבייט! און דער בעל־הבית איז עפּיס נאָר אַ דימענט. אַ מענש זאָל זיך ניט צוריהרען, קיין הויכען געשריי נישט מהון, האַלטען אַ ביימש פון יוצא וועגען! הייגט דאָס עסען. אמת, קיין האָבער קוקט ער נישט אָן; נאָר צו וואָס טויג איהם דער האָבער, אַז ער האָט במילא נישט מיט וואָס צו קייען? נישט גלייבער שוין די פּאַמיניצע מיט די ווייבע שמיקליך ברויט וואָס כּתריליכע טראָגט איהם אַלע טאָג אָקעגען? און נישט אַזוי די פּאַמיניצע ווי דאָס דערלאַנגען די פּאַמיניצע. מע בעדאַרף זעהען ווי כּתריליכע שטעהט בשעת מעשה צוגעפּ־געליינט די הענט אויפ'ן האַרצען און קלויבט נחת פון מתושלח'ן, ווי ער עסט דאָס קיין עין־הרע ניט. קומט ביינאַכט, בעט מען איהם אויס אין הויז אַביסיל שמרוי און מע געהט אַרויס אַלע מאָל אָדער כּתריאל אָדער כּתריליכע געוואָהר ווערען, צי מע האָט איהם חלילה ניט אָוועק־געלקח'ענט. גאַנץ פריה, אַז נאָט אַליין שלאָפט נאָך, איז שוין כּתריאל ביים פערדיל, ער שפּאַנט דאָס איין פאַוואַליגקע אין פעסיל, זעצט זיך אויף און פאָהרט צום טייך נאָך וואַסער און זינגט בשעת מעשה מיט אַ משונה מאָדנעם נגון:

אַשְׁרֵי הָאִישׁ אֲשֶׁר לֹא הָלַךְ —

— „אַז וואהל איז דעם מענשען, הייסט דאס, וואס גייט נישט צו פיס...“ און אַז ער גיסט אָן דאס פעסיל מיט וואַסער גייט ער שוין צוריקקומענס צו פיס אָהן אַ נגון, טיאָפּעקעט גלייך מיט מתושלחין אין דער בלאָטע, דרייט מיט דער בייטש — נו זשע, מתושלח, ריהר זיך, ריהר זיך!

מתושלח שלעפּט די פיס פון דער בלאָטע, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָפּט אַ קוק מיט'ן איינציגען אייגיל אויפ'ן בעל־הבית און טראַכט זיך בשעת מעשה: „זינט איך בין אַ פערד, האָט זיך מיר נאָך נים געטראָפען דינגען ביי אַזאַ משונה מאָדנע בריאה“! און דאָס פערדיל איז זיך מיישב, טהוט זיך אַ רוק אויף די אונטערשטע פיס און שטעלט זיך אָב אויף אַ ציקאָווע אין מיטען דער בלאָטע, ווי איינער רעדט: „נו, לאָמיר איבערשטיין זעהען, וואס וועט זיין דערפון?“...

דערזעהען אַז דאָס פערדיל האָט זיך פּלוצים אַנידערגעשטעלט, הויבט אָן בתריאל צו וועדעלען זיך אַרום פעסיל, בעטראַכטען די רעדער, די אַקסען, די שטריקלעך; און מתושלח, אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צו בתריאל'ען און אַ מאַך מיט די ליפּען ווי אַ שמייכעל געמאַכט, טראַכט ער זיך: „אַ מפּוש איז דער וואַסערפיהרער! אַ חושים, אַ פראָסטע בהמה“!...

---

ז.

סיזאל כבדר זיין גוט אויף דער וועלט — דאָס איז נישט פאַרהאַן. אויף וויפיעל מתושלח האָט זיך געפיהלט גליקליך אויף דער עלטער ביי בתריאל'ען און בתריליכען, אַזוי פיעל איז ער אויסגעריסען געוואָרען, אויסגעשטאַנען צרות, יסורים און בזיונות פון זייערע קינדער, פון זייערע שכנים'ס קינדער און פון גלאַט קינדער.

פון דער ערשטער מינוט אָן, וואס מע האָט איהם געבראַכט אַהיים, און קליינוואַרג האָט איהם דערזעהען, האָבען זיי בעקומען צו איהם עפּיס אַ מין... נישט קיין שנאה חס ושלום, אַדרבה פער־

קָעהרְט, זַיי הָאבְּען אִיהם דַוְקָא לִיעבּ גֶעהַאט; נָאר דָאס דָאזִיגֶע לִיעבּ־שַׁאפְט אִיז גֶעוֶוען פַאר מְתוּשֶׁלַחְ'ן אַ שְׁחִיטָה; הַלְוַואי וָואלְטָען זַיי אִיהם בֶּעסֶער וְוינְצִיגֶער לִיעבּ גֶעהַאט אוּנ אַבִּיסֶעלֶע מֶעהר רַחֲמָנוּת גֶעהַאט...

דָאס עֶרְשְׁטֶע הָאבֶּען אִיהם כַּתְרִיאֵלְ'ס קִינְדֶער, בָּארְוִויסֶע תַּלְמוּד־תּוֹרָה יוּנְגְלִיךְ, אוֹיסְגֶעפְּרוּבְט, אַז קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען, צִי פִיהלְט עֶר אַזוֹי וִוי אַ מֶענְשׁ, צִי נֵיין? הָאבֶּען זַיי אִיהם גֶעפְּרוּבְט פוּן דֶער גְרִינְג מִיט אַ שְׁטֶעקִיל אִיבֶּער דֶער פֶעל — נֵיין; אַ קִיצֶעל אִיבֶּער דִי פִיס — נַיין, אַ שְׁנָאל אִיבֶּערְ'ן אוֹיעֶר — קוּים—קוּים. עֶרְשְׁט נָאכְדֶעם אַז זַיי הָאבֶּען אִיהם גֶעפְּרוּבְט מִיט אַ שְׁטְרוֹיעֶלֶע אִיבֶּערְ'ן וַוייסֶען אַייגִיל מִיט דָער בּוּלְטֶע, הָאבֶּען זַיי עֶרְשְׁט דֶעמָאלְט דֶערְזֶעהֶען, אַז עֶר פִיהלְט וִוי אַ מֶענְשׁ, מַחֲמַת עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ פִּינְטִיל מִיט דִי אוֹיגֶען אוּנ אַ מַאךְ מִיטְ'ן קָאפּ, הִין אוּנ צוּרִיק, וִוי אֵיינֶער רֶעדְט: "נַיין, דָאס נִיט, דָאס גֶעפֶעלְט מִיר נִיט"... וִוי בַּאלְד אַזוֹי הָאבֶּען זַיי שׁוֹין דֶערְמַאפְּט אַ רִימִיל פוּן אַ בֶּעזֶעם אוּנ הָאבֶּען אִיהם אַרַיינְגֶערוּקְט טִיעף אִין נָאז אַרַיין, הָאט מְתוּשֶׁלַח גֶעגֶעבֶּען אַ שְׁפְּרוּנְג אוּנ אַ טַאנְץ אוּנ אַ פָּארְשְׁקֶע מִיט דָער נָאז, אִיז אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען כַּתְרִיאֵל מִיט אַ גְוַואלְד:

— שְׁקָצִים, עַכְבְּרוּשִׁים, וָואס פָארֶעט אִיהר זִיךְ מִיטְ'ן פֶערְד? אִין חֵדֶר אַרַיין הוּלְטַייעֶס!

אוּנ חֶבְרָה הָאבֶּען גֶענוּמֶען דִי פִיס אוֹיף דִי פְּלֵייצֶעס אוּנ נֶענֶע־אַוַעק אִין חֵדֶר, דָאס הֵייסְט אִין דֶער תַּלְמוּד־תּוֹרָה אַרַיין.

---

ה.

דָארְט אִין דֶער תַּלְמוּד־תּוֹרָה, אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶער אַ רְאוּבֶ'עלֶע אַ סְפִּירְטָאוֶוע יוּנְגִיל, אַ מַזִיק, זָאל נָאט שׁוֹמֵר וּמַצִיל זַיין! אוֹיף אִיהם הָאט זַיין אֵיינֶענֶע מַאמֶע אַלֵיין גֶעזָאגְט, אַז "אַזֶעלְכֶע קִינְדֶער זָאל מֶען בֶּעדִיכְט זֵייעֶן אוּנ שִׁיטֶער אוֹיסְגַעהן". זַיין עוֹבְדָא אִיז גֶעוֶוען אַייגֶעסֶען זִיךְ אִימְלִיכֶען בֶּעזוּנְדֶער אִין דִי בֵּיינֶער אַרַיין. וואוּ אַ בּוּרֶעט וואו אַ קֶעלֶער — אִיז עֶר גֶעוֶוען אוֹיסֶען. טְרַייבֶּען הִיהֶנֶער, גֶענְז אָדֶער קַאטְשְׁ־

קְעס, שְׁרֶעקֶען צִיגֶען, מוּטְשֶׁען קֶעץ, שְׁלָאגֶען הִינְט, פוּן חֲזֵרִים שְׁמוּעֶסְט מֶען נִיט — דָאס אִיז בַּיי אִיהם גֶעוָועֶן דָאס חַיוֹת! דִי קְלֶעפּ פוּן דֶער מַאמֶע, דִי שְׁמִיץ פוּנ'ם תַּלְמוּד־תּוֹרָה מְלַמֵד אוּנ דִי פֶּעטְשׁ פוּן ווִילְד פְרֶעמְדֶע זֶענֶען גֶעוָועֶן אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען, אוּנ דִי קְלָלוֹת, וָואס מֶע הָאט אִין אִיהם אַרַיינְגֶעלֵייגְט — ווִי אַיין אַרְבֶּעס אִין וַואנְט אַרַיין. אָט, דַאכְט זִיךְ, הָאט מֶען אִיהם גֶעפַּאטְשְׁט, אָט, דַאכְט זִיךְ, הָאט עֶר גֶע־וויינְט מִיט טְרֶערֶען, זִיךְ נוּר אָבְּגֶעקֶערֶעוָועט אֶן אַ זַייט — אַ הַא! רְאוּבֶ'עלֶע הָאט שׁוֹין אַרוֹיס גֶעשְׁטֶעלְט אַ צוּנְג, גֶעמַאכְט אַ ווַיינִיגֶ'עלֶי פוּן דֶער אוּנְטֶערְשְׁטֶער לִיפּ, אָדֶער אַ פַאחִיר פוּן דִי בַּאקֶען. זוּג צְווַיי בַּאקֶען הָאט עֶר גֶעהַאט ווִי דִי פַּאמְפֶּעשְׁקֶעס. גֶעוָועֶן תָּמִיד [illegible] אוּנ שְׁטֶענְדִיג פְרֵיילִיךְ, דָאס וָואס דִי מַאמֶע אִיז אַ ווִיסְטֶע [illegible] אוּנ מוּטְשֶׁעט זִיךְ ווִי אוֹיפְ'ן טוֹידְט אוּנ צָאהלְט פַאר אִיהם אַ קֶערְבִּיל אַ [illegible] שְׂכַר לִמוּד — דָאס אִיז נִיט זַיין עֵסֶק.

אַז רְאוּבֶ'עלֶע אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען פוּן בַּתְרִיאֵל'ס קִינְדֶער, אַז זַייעֶר מַאמֶע הָאט גֶעבְּרַאכְט צוּפִירֶען פוּנ'ם יְרִיד אַ פֶערְדִיל אוּנ סֶע הֵייסְט מְתוּשְׁלַח, אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוֹיף אַ בֵּיינְקִיל, אָנְגִיט גֶעטְהוּן דָאס נֶעזִיל מִיט בֵּיידֶע הֶענְט הִין אוּנ צוּרִיק אוּנ אוֹיסְגֶערוּפֶען בְּקוֹל רָם:

— קִינְדֶער, מִיר הָאבֶּען שׁוֹין אַ „שְׁמִיטְשִׁיק!“

צוּ בֶּעטֶערֶקֶען, אַז רְאוּבֶ'עלֶע הָאט פוּן קִינְדְווַייז אָן לִיעב גֶעהַאט כְּלֵי־זֶמֶר. אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ אַ פִידֶעל, מַאקִי מַמָשׁ עֶס הָאט זִיךְ אִיהם גֶעעֶקְט דָאס חַיוֹת, אַז עֶר הָאט דֶערְהֶערְט שְׁפִּילֶען; אוּנ דֶערְצוּ הָאט עֶר גֶעהַאט אַ שֵׁעהן קוֹלְכִיל, גֶעקֶענְט אַלֶע נִגוּנִים אוֹיף אוֹיסְוֶוייניג. עֶר הָאט נָאר אַנְדֶערְשׁ נִיט גֶערֶעכֶענְט, אִם יִרְצֶה הַשֵׁם אַז עֶר וֶועט אוֹיס־וואכְסֶען אַ גְרוֹיסֶער, וֶועט עֶר זִיךְ קוֹיפֶען אַ פִידֶעל אוּנ ווֶעט שְׁפִּילֶען טָאג ווִי נַאכְט אוֹיפְ'ן פִידֶעל. דֶערְווַייל הָאט עֶר זִיךְ גֶעמַאכְט פוּן אַ שְׁטִיק הָאלְץ אַ קְלֵיין פִידֶעלִי, מִיט פָאדֶעם אוֹיפְ'ן אָרְט פוּן סְטְרוּנֶעס, דֶערְבַּיי גֶעחַאפְּט גוּטֶע קְלֶעפּ פוּן דֶער מַאמֶען.

— אַ כְּלֵי־זָמֶר וָועט פון דיר אויסוואַקסען? ניט דערלעבען זאָל
איך דאָס!

פאַרנאַכט, אַז חַיִּים חָנָה דער תַּלְמוּד־תּוֹרָה מְלַמֵּד האָט צולאָזט
די תַּלְמִידִים, זענען זיי אַלע געגאַנגען מְקַבֵּל פָּנִים זיין כַּתְרִיאֵל דעם
וואַסערפיהרער׳ס פעדיל. דער ערשטער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג
ראובעלע, אַז דאָס פעדיל איז איין אויסגעצייכענט פעדיל, עס
וועט געבען סטרונעס פונ׳ם ווייזיל וויפיעל מע וועט בעדאַרפען. א
סִימָן אַט וועלען מיר באַלד אַ פְּרוּב טְהוּן!

אונ ראובעלע האָט זיך פאַרגנבע׳עט צו מְתוּשְׁלַח׳ן פון אונטען
אונ האָט אָנגעהויבען שלעפען בײַ איהם האָר פונ׳ם ווייזיל. כָּל זְמַן
ראובעלע האָט געשלעפּט די האָר איינציגווייז, איז מְתוּשְׁלַח געשטאַ־
נען רוּהִיג, ווי איינער רעדט: „אַ האָר פונ׳ם ווייזיל? וואָס קען דאָס
מיר שאַדען? מאַ, אויך די אייגענע מַעֲשֶׂה, וועט זיין ווינציגער מיט
אַ האָר!“... נאָר אַז ראובעלע האָט זיך צוגעטשעפּעט צום ווייזיל, אָנגע־
הויבען רייסען מיט אַ מאָל אַ גאַנצען זְשׁמִיט, האָט דאָס שׂיין מְתוּשְׁלַח׳ן
גוט פעדראָסען, ווי איינער רעדט: „לאָז אַריין אַ חַזִיר אין שטוב
קריכט ער אויפ׳ן טיש“... אונ ניט לאַנג געטראַכט האָט ער דער־
לאַנגט ראובעלען מיט דער אונטערשטע פוס גלייך אין די ציינער
אַריין אונ האָט איהם צעהאַקט די ליפּ אויף צווייען.

— אַ מִצְוָה, אַ דונער איז מיר! זעהר רעכט, אַ שלאַק איז מיר!
קריך ניט, וויסט איז מיר!

אַזוי האָט געזאָגט די מאַמע זיינע, יענטע די לעפּטשיכע, גע־
ליינט איהם קאַלט וואַסער צו דער צעהאַקטער ליפּ, געוויינט, גע־
בראָכען די הענט, געלאָפען צו חַיָּה די רופאַ׳טע, איינגעלייגט די
וועלט.

ט.

ראובעלע איז געוועזען בָּרוּךְ הַשֵּׁם אַזאַ קינד, וואָס אַלְקְרינג האָט
זיך אויף איהם פערהיילט גיך „ווי אויף אַ הונט“. איינער מע האָט זיך
אַרומגעקוקט איז שוין די ליפּ בײַ איהם ווידער צוגעוואַקסען גע־

וואָרען, גלייך ווי גאָר נישט געווען, און ער האָט צוגעטראַכט גאָר אַ נייע זאַך: מע בעדאַרף זיך אַ מאָל דורכפּאָרען ריימענדיג אויף מתושלח'ן און דווקא אַלע תלמוד תורה יונגליך מיט אַ מאָל, נאָר ווען און ווי אַזוי מאַכט מען דאָס אָב, אַז קיינער זאָל ניט וויסען? איז ראובנ'על'ע געפאַלען אויף אַ שכל, אַז דאָס איז גוט נור שבת ביי טאָג בשעת דער עולם עסט אָב און לייגט זיך שלאָפען, דעמאָלט האָט שוין זעם און טראָג אַרוים גאַנץ כתריליוועקע מיט האַק און פּאַק. האָט זיך אפילו איינער, אַ תלמוד תורה יונגיל, געשטעלט אַקעגען: "ווי אַזוי פּאַטרט דאָס אַ יוד אים שבת?" האָט איהם ראובנ'על'ע דערויף געענ־טפערט — בהמה! דאָס הייסט דען געפּאָרען? דאָס ווערד אָנגערופען געשפּיעלט זיך...

ס'איז געקומען שבת ביי טאָג, דער עולם האָט אָבגעגעסען, געליינט זיך שלאָפען, און כתריאל מיט כתריליכען בתוכם האָבען זיך חברה פּאַוואָלי אַריינגעגנבעט צום וואַסערפיהרער אין הויז אַריין, און ראובנ'על'ע האָט גענומען אויספּוטשען מתושלח'ן ווי ווייט מעגליך. קודם כל האָט ער איהם "פערפלאָכטען די גריווע, געמאַכט עטליכע צעפּליך, בעפּוצט מיט שטרויעליך; נאָכדעם האָט ער איהם אָנגעטהאָן אויף'ן קאָפּ אַ ווייסען פּאַפּירענעם ספּאָדיק, צוגעבונדען אויפ'ן האַלז מיט בענדליך, און אחרי ככלות הכל האָט ער איהם אָנגעהאָנגען פון אונטען איין אַלטען בעזעם, בכדי דער ווידיל זאָל אויסקומען שענער און לענגער". און חברה האָבען אָנגעהויבען זעצען זיך, קריכען אויף מתושלח'ן איינס איבער'ן אַנדערען; ווער עס האָט פערחאַפּט איין אָרט פריהער, דער איז געזעסען אויפ'ן פערד, און די איבריגע וועלען זיך שוין זעצען נאָכדעם, נאָר דערווייל זענען זיי נאָכגעגאַנגען פון אונטען, געהאָלפען אונטערשרייען מתושלח'ן, ער זאָל גיהן אַ ביסיל גיכער און געזונגען:

"ככה יעשה לסוס אשר ראובנ'על'ע חפץ ביקרו!"

מתושלח האָט אָבער קיין השק ניט געהאַט לויפען און איז זיך געגאַנגען מיט ביי טריט, וואָרום ערשטענס וואָס האָט ער קיין צייט

ניט? וְהַשֵּׁנִית, איז דאָך עפּיס הײַנט אַ טאָג פֿון רוהען! ראָבּ׳עלע האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו טרײַבּען דאָס פערדיל, נאָקען, וואַקען אוג פּיקען אוג שרײַען מיט אַלע כּחות אויף דער איבּעריגער חבֿרה:

— אַ רוח אין אײַער ט... ט... אַרײַן, וואָס שווײַגט איהר?!

אוג מתושלח איז זיך אַלץ געגאַנגען טריט בײַ טריט, זיך גע־טראַכט בּשעת מעשׂה: „קונדריסים שפּיעלען זיך, טאָ, לאָזען זיי זיך שפּיעלען"...

נאָר אַז חבֿרה האָבען איהם שטאַרק אָנגעהויבען דערקוטשען, אונטערטרײַבען אוג מאַכען מיט די הענט, האָט מתושלח אָנגעהויבען געהן גיכער, אוג אַז ער האָט אָנגעהויבען צו געהן גיכער, האָט איהם אינטען דער בּעזעם אָנגעהויבען שלאָגען אין די פּיס אַרײַן, האָט ער אָנגעהויבען לויפען נאָך גיכער, האָט איהם דער בּעזעם אָנגעהויבען צו שלאָגען נאָך שטאַרקער, האָט ער אָנגעהויבען שפּרינגען, האָבען חבֿרה געקוועלט אוג ראָבּ׳עלע האָט זיך אונטערגעהעצקעט אוג גע־שריגען: האָפּ — האָפּ! אַזוי לאַנג געהאָפּקעט בּיז זיי האָבען אָנגעהויבען פאַלען אײַנצינווײַז ווי די האַלעשקעס, אוג אַז מתושלח האָט זיי אַלעמען אַראָבּגעוואָרפען אוג דערפיהלט אַז ער איז פרײַ, האָט ער ערשט רעכט אָנגעהויבען לויפען משוגענערווײַז אוג איז געשטיידיג געלאָפען, אוג געלאָפען. בּיז אויף יענער זײַט מיהלען, העט — העט אונטער׳ן שטאָדט אַרויס.

דערזעהן לויפען אַ משונה מאָדנע פערדיל מיט אַ פּאַפּירענעם סטאַדיק, האָבען די שקצים די פּאָסטיכער געמאַכט אַ העץ אויף איהם, אָנגעהויבען איהם נאָכלויפען, וואַרפען מיט שטעקענס, אוג האָבען אָנגערייצט אויף איהם די הינט. יענע, די כּלבים הייסט דאָס, האָבען זיך דווקא ניט געלאָזט לאַנג בּעטען אוג האָבען גענומען יאָגען זיך נאָך איהם, בּייסען אוג רײַסען; עטליכע האָבען איהם אָנגענומען אונ־טען בײַ די ליטקעס; עטליכע האָבען איהם אָנגעטאַפּט פֿון פאָרנט בײַם נאָרגעל. מתושלח האָט אַזש אָנגעהויבען חראַפּען, צוזוי לאַנג אַזוי בּרייט בּיז זיי זענען איהם דערגאַנגען דעם עק.

## ז׳

אויף מארגען האבען שוין חברה געהאט זייער עהרליך אויסקי־
מעניש. א חוץ דעם וואס זיי האבען זיך צעשלאגען די נעז און צער־
ביילט די שטערענס פונ׳ם סאלען, האבען זיי געכאפט פעטש אין
דערהיים אונ שמיץ פון חיים חנה דעם מלמד. אונ מעהר פון אלעמען
האט געלייזט געוויינטליך ראובעלע, מחמת אלע איבריגע יונגליך, אז
מע האט זיי געשמיסען האבען זיי האטש געוויינט, אונ ראובעלע
האט, פערקעהרט, נאר געלאכט; האט מען דאך איהם נאך מעהר גע־
קאמפעוועט; נאר וואס מעהר מע האט איהם געשלאגען, האט ער מעהר
געלאכט, אונ וואס מעהר ער האט געלאכט, האט מען מעהר געשלא־
גען, — אזוי לאנג ביז חיים חנה דער מלמד האט זיך אליין אויך צער־
לאכט, אונ אויף איהם קוקענדיג אלע תלמידים. ס׳איז געווארען אזא
געלעכטער, אז אלע שכנים זענען זיך צוזאמענגעקומען אונ גלאט מענ־
שען, יידען אונ ווייבער, יונגליך אונ מיידליך פון דער גאס: „וואס
איז? וואס איז דער געלעכטער? וואס לאכט מען וואס?“ האט זיי
קיינער נישט געקאנט ענטפערען קיין ווארט, מחמת מע האט זייער
שטארק געלאכט האבען יענע, די פרישע מענשען, זיך אויך אנגעגו־
מען פונ׳ם געלעכטער אונ האבען אויך אנגעהויבען צו לאכען; האבען
יענע, די ערשטע, אנגעהויבען לאכען נאך שטארקער, אונ יענע, די
פרישע, אויף זיי קוקענדיג, נאך שטארקער, — הכלל מע האט זיך
פשוט געקאנט׳עט אויף די בייכער, געקאלטשעט זיך ביי די זייטען
לאכענדיג.



נאר צווי מענשען האבען נישט געלאכט. דאס זענען געווען:
בתריאל דער וואסערפירער אונ זיין ווייב בתריליבע. א קינד חלילה
אז עס נעהמט אוועק פון א שטוב, ווייס איך ניט, אויב מע באדארף
אזוי פיעל וויינען, וויפיעל בתריאל מיט בתריליבען האבען געוויינט
אויף זייער גרויסען שאדען אויף זייער ארעם פערדיל געביך, אויף
בתוילה׳ן.

---

# אויסגאַבען פון „פאַמיליען־ביבליאָטעק" וואַרשא.

1) פּעסעלע דעם רבינ'ס שלום עליכם 5
3) דער קוש ל. שפּירא 5
4) אלמנה נומר 1 שלום עליכם 5
5) אלמנה נומר 2 שלום עליכם 5
6) אלמנה נומר 3 שלום עליכם 5
7) פערשפּעטיגט אברהם רייזען 5
9) גוטע ברידער קאָמעדיע אברהם רייזען 5
10) מאַמענטען שלום אש 15
11) א וויגרישנער בילעט שלום עליכם 15
12) שמואליק שלום עליכם 5
13) יוסף דער דזענטעלמאַן שלום עליכם 10
14) די יונגע ליעבע ד. פּינסקי 5
15) שפּר נצע שלום עליכם 5
16) דער שפּיאָן מ. טייטש 5
17) די יורשים שלום עליכם 5
18) מיטין עטאפּ שלום עליכם 15
19) די ערשטע קאַמונע שלום עליכם 10
20) דער בלינדער גיואַי דע מאָפּאַסאַן 5
21) חוה, טביה דעם מילכיגער'ס ש. ע. 5
22) די ערשטע יודישע רעפּובליק ש. ע. 10
23) 13 פערייניגטע שטאַאַטען. ש. ע. 10
24) 13 געפּאַנגענע שלום עליכם 10
25) עולם הבא שלום עליכם 10
26) דער קרבן יעקב גאָרדין 5
27) הונדערט איינס שלום עליכם 5
28) די ציגיינערין אברהם רייזען 5
29) ערב-פּסח'דיגע עמיגראַציע ש. ע. 5
30) שמעון גיואַי דע מאָפּאַסאַן 5
31) דער יונגסטער פון די מלכים ש. ע. 5
32) די באַראָנעסע וו. דאָראָשעוויטש 5
33) אין יענער צייט מענדעלע מו"ס 10
34) טביה'לע יעקב דינעזאָהן 5
35) אָרעמקייט איז קיין שאַנד „ 5
36) אויף יענער זייט סמבטיון ש. ע. 10
37) שלאָפען ווילט זיך א. טשעכאָוו 5
38) ל"ג בעומר שלום עליכם 5
39) מתושלח א יודיש פערדיל ש. ע. 5
40) דער זייגער שלום עליכם 5
41) מילכיגם שלום עליכם 5
42) א מעשה אָהן אנ'עק שלום עליכם 25
43) ווען איך בין ראָטשילד שלום עליכם 5
44) א פּוילישער גלח אברהם רייזען 5
45) גזלנים שלום עליכם 6
46) א גרויסער געווינס שלום עליכם 8
47) סאָפיע ב. גאָרין 5
48) צוויי טויטע שלום עליכם 8

49) דאָס פּאַר-פאָלק שלום עליכם 8
50) קאָנקורענטען יונה ראָזענפעלד 5
51) מענשען שלום עליכם 15
52) שמשון שלמה יעקב דינעזאָהן 5
53) בלינצעס שלום עליכם 7
54) טביה דער מילכיגער פאָהרט אין ארץ-ישראל שלום עליכם 7
55) בעשיינט די חתונה מ. ספעקטאָר 5
56) גאָלד-שפּינערס שלום עליכם 5
57) די שטאָדט כתרילעווקע שלום עליכם 5
58) פיר זענען מיר געזעסען ש. ע. 15
59) די דערטרונקענע ס. סעטערלינג 5
60) פריהער און שפּעטער נ. וועגדראָף 5
61) די גרויסע בהלה שלום עליכם 15
62) דער דיספּוט ל. טאָלסטאָי 5
63) ביים קעניג אחשורוש שלום עליכם 5
64) מיין ערשטער ראָמאַן שלום עליכם 10
65) דער גאַסען-הענדלער א. פראַנס 10
66) ראַבטשיק א יודישער הונד ש. ע. 5
67) בערדיטשעווער טראַמוואַי ש. ע. 5
68) בערדיטשעווער האָטעלען און רעסטאָראַנען שלום עליכם 8
69) בערדיטשעווער טעאַטער ש. ע. 5
70) בערדיטשעווער שרפות ש. ע. [illegible]
71) די פרעהליכע קאָמפּאַניע ש. ע. 15
72) די געפּאַלענע פּרוי א. גארשין 10
73) די נקמה א. רייזען 5
74) די ווייסע כפּרה שלום עליכם 10
75) דער טוידטער אתרוג שלום עליכם 10
76) א בוידעם א מעשה פון טביה מילכיגער שלום עליכם 7
77) הייטיגע קינדער שלום עליכם 8
78) חנוכה-געלד שלום עליכם 7
79) אלעמען גלייך שלום עליכם 10
80) א פערשטערטער פּסח שלום עליכם 7
81) שלום אש 5
82) אונטערען באַנק מ. ספעקטאָר 5
83) צוויי שלח-מנות'ן שלום עליכם 5
84) גלות-דאַטשע שלום עליכם 5
85) אין די וואָרעם-בעדער ש. ע. 15
86) מילכיגם שלום עליכם 5
87) אויסגעטרייסעלט שלום עליכם 5
88) א כלה אויף מבינות א. רייזען 5
89) חרופת שלום עליכם 5
90) א פריהער פּסח שלום עליכם 5
91) זעליג מעכאַניק שלום עליכם 10

92) לאָנדאָן שלום עליכם 10
93) אויפ'ן פידעל שלום עליכם 8
94) פּאַפּירלעך שלום עליכם 10
95) סענדער בלאַנק שלום עליכם 35
96) א בכבוד'ע פּרנסה שלום עליכם 8
97) איין מאָל א סוכה שלום עליכם 5
98) מיליאָנען שלום עליכם 20
99) די פאָן שלום עליכם 5
100) בלומען שלום עליכם 7
101) עם פּיעדעלט נישט שלום עליכם 7
102) שלים-שלימ=מזל שלום עליכם 7
103) פערבענקט אהיים שלום עליכם 5